# דאָס קעלבל

פאַרקירצט פון

## מענדעלי מוכר ספרימס בוך:

„ספר־הבהמות"

קאַפּיטל:

דאָס תוספות־יום־טוב־קעלבל.

אילוסטרירט

פון יוסף טשייקאָוו.

צווייטע אויפלאַגע

געדרוקט אין 4500 עקז.

ערשטע אויפלאַגע — 3500 עקז.

ערשינען אין יוני 1921.

פאַרלאַג „קולטור־ליגע" וואַרשע, 1921.

CIELĘ—Sz. ABRAMOWICZA. Wyd. „KULTUR-LIGE". Warszawa, 1921.

Druk. I. Hendlera, Warszawa, Długa 26.—Telefon 260-19.



## א.

ווינטער אַמאָל, גאַנץ פרי, אַז איך בין געלעגן איינגעגנורעט אונטער דער קאָלדרע, פאַרשלאָפן, נאָך ניט בדעה האָבנדיק אויפשטיין, גיין אין חדר, דערפיל איך, ווי מע וועקט מיך, טאָרעט מיך אין איין געשריי:

— גיכער שטיי אויף, גיכער, גיכער!

איך טו מיך נישט טויט, נישט לעבעדיק אַ כאַפּ אויף און דערזע פאַר מיר מיין שוועסטער, אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף. דאָס פנימל שיינט איר, די אויגעלעך פינקלען עפּעס מיט אַ גלאַנץ גאַר משונה, דאָס מיילכל האַלב אָפן, אויף די ליפּעלעך עפּעס אַ פאַרגליווערט מין שמייכעלע. זי וויל עפּעס זאָגן און קאָן נישט, אַזוי פאַרנעמט איר דער אָטעם, נאָר וואָס זי שטרעקט אויס, וואַרגענדיק זיך, דאָס הענטל, טייטנדיק אויף עפּעס דאָרט אין דער מיט שטוב:

— אָ—אָ!

איך גיב אַ קוק — אוי, גוואַלט, אַ קעלבל!

און אַזוי ווי איך בין, באָרוויס, נאַקעט, אין איין העמדל, האַלטנדיק איין האַנט אויפן קאָפּ, קיין צייט נישט האָבנדיק אויסזוכן און אָנטאָן דאָס יאַרמולקעלע, טו איך אַ שפּרונג אַראָפּ פונם געלעגער געשווינט צו אים. די פרייד מיט מיר איז געווען אַזוי גרויס, גלייך ווי די וועלט איז מיינע, גלייך ווי אַלצדינק אין איר פילט מיין שמחה. עפּעס לייכט די זון גאָר אַנדערש, עפּעס איז דער פרימאָרגן מילדער, פריינטליכער ווי תמיד, עפּעס פילט זיך אומעטום אין דער לופט יומטובדיקס, פול און פול מיט קעלבל.

אַלצדינק שמייכלט, זאָגט:

גוט יום-טוב, מזל טוב דיר מיטן קעלבל!...

איך זעץ מיך אויף די קניעלעך, אַ ביסל פונדערווייטנס און באַטראַכט מיר דאָס קעלבל. אַ שיינס, אַ רויטס מראה געלכו, אויפן שטערן אַ ווייסער פלעק, ווי אַ זילבערנע קאָקאַרדע, גאָר אַ גאַנץ וואונדער!

וואָס ווייטער, ווייטער גיב איך מיך אַרויס אונטער, באַקענענדיק זיך מיט אים נענטער; וואָס ווייטער, ווייטער גיב איך עס אַ גלעט, דאָ אַ טאָפּ, דאָרט מיט אַ פינגער, אַריינקוקנדיק אים בשעת מעשה אין די אויגן, ביז איך ווער דערמיט שוין אַ נאָענטער שמעלקע און לאָז אים אַראָפּ אַ גראָבן „שלום עליכם", אַזוי טאַסקע מיט דער גאַנצער האַנט, מיט אַלע פינף פינגער.

דאָס קעלבל האָט, אפנים, נאָך נישט געוואוסט דעם טייטש פונם „שלום עליכם“, מיט וואָס מען עסט עס, ווארים עס האט זיך עפּעס געפילט ווי באַליידיקט, און צונויפנעמענדיק זיך מיט אַלע קרעפטן, געפּרובט אויפשטיין. פריער האָט עס אָנגעהויבן הינטן אַרום, פאַמעליכן, פאַמעליכן, זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיסלעך, בלייבנדיק אָנגעשפּאַרט אויף די קני פון די פעדערשטע, וואָס נאָך פאַרלייגט אונטער זיך. שפּעטער אַביסל האָט זיך עס שוין געשטעלט אויף אַלע פיר פיס, וואָס האָבן זיך געשאָקלט ווי פיסלעך פון אַ צעשאָטענעם טיש. אַזוי איז עס, שאָקלענדיק זיך אומגעלומפּערט, אויסשטעלנדיק אַ פּאָר קעלבערנע אויגן, אַ היפּשע ווײַלע געשטאַנען — און פּלוצים פאַררייסט עס דעם ווײַדל און גאַלאָפּ, גאַלאָפּ איבער דער שטוב.

עס ווערט אַ רעש, אַ געפּילדער. עס פאַלט אום די מילכיקע באַנק מיטן צעבראָכן פּיסל, עס דערשרעקן זיך די הינער, פליען משוגענערווייז איבער טיש און בענק, צעברעכן אַ גלעזל, קערן איבער עפּעס אַ שיסל. די מאַמע בײַ דער קימפּעטאָרין, בײַ דער בהמה הייסט עס, דאָרט אין הויז, דערהערט דעם טאַראַראַם, דעם האַרמידער, לויפט אין איין אָטעם אַרײַן אין שטוב שטאַרק אויפגעבראַכט און לאָזט אויס איר צאָרן צו מײַן קאָפּ.

אוי, אַ טאָג האָב איך עס געהאַט דעמאָלט, אַ טאָג פון פּעטש און קלעפּ אין דערהיים, אין חדר, געלייזט גענוג!

אַוועקגעגאַנגען פון דערהיים אין חדר בין איך מיט אַ קאָפּ פול מיט קעלבל. ווען איך האָב באַגעגנט אויפן וועג, האָב איך אָנגעזאָגט די בשורה: אונזער קו האָט געהאַט אַ קעלבל! פּאַר איטליכן פון מײַנע באַקאַנטע ייִנגלעך האָב איך אָפּגעלויבט אין טאָג אַרײַן דאָס קעלבל, אונטערשמייכלענדיק דערבײַ פאַר גרויס הנאה, ווי אַ בעל־שמחה. געמיינט דערמיט — הע־הע! לאָזן זיי מיר מקנא זײַן! ווען



מיר האָט געטויגט, האָב איך צוגעזאָגט ווייזן אים דאָס קעלבל, אינאיינעם מיט מיר זיך דערמיט אַ ביסל אָנשפּילן. בײַ איינעם אַפילו האָב־איך גענומען פאַראויס אַ פּאָר ייִנישע מעשענע קנעפּ מיט אָדלערס און אַ יעריכן־בייטעלע, שווערנדיק אים „ווי איך בין אַ ייִד“!, אַז דער כיבוד פאַרן רייטנדיק צום ערשטן אויפן קעלבל געהער אים.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר גרויס שמחה און אַזוי פיל געשעפטן האָב איך פאַרשפּעטיקט קומען אין חדר און געכאַפּט אַ מיאוסן פסק.

נאָר פּעטש זיינען פּעטש, און קעלבל איז קעלבל, די גמרא ליגט פאַר מיר אָפן, און עס קוקט אַרויס פון



דאָרט, עס דרייט זיך מיר פאַר די אויגן — קעלבל. עס קריכט, קריכט מיר איז קאָפּ אַ מאָרדעטשקע, אַ שיינס, אַ געטאָקטס, אויערלעך קליינינטשקע, אויפגעשטעלטע, אַ קעפּעלע, אַ העלזועלע. דער רבי קנעלט, מריקעט מיט אַ גמרא־ניגון, און מיר אין די אויערן מעקעט די קו נאָכן קעלבל. דער רבי טוט זיך אַ הויב פונם בענקל — דאָס קעלבל אַ הויב אויף די פיסלעך; דער רבי שטרעקט אויס די האַנט — דעם קעלבל פאַררייסט זיך דאָס עקל: האָץ־האָץ־האָץ — און עס פליט אַ פּאַטש! דער רבי איז בייז, פרעגט ווי איך האַלט. איך האַלט מיך ביי דער באַק.

קומענדיק אַהיים, איז די ערשטע זאַך מיינע געווען — קעלבל. שטיל, אויף די שפּיץ פינגער האָב איך בשתיקה מיך צוגעגנבעט צום קעלבל. די מאַמע האָט עס פאַרשטופּט אין אַ ווינקעלע פאַר אַ גוט אויג, מען זאָל עס קיין עין־הרע נישט געבן. אָנגעהויבן האָט זיך ביי מיר, ווי דער שטייגער איז, פריער אַ קוק, אַן עסן פאַר ליבשאַפט מיט די אויגן. אין אַ ווײַלע אַרום שוין אַ גלעט, אַ טאַפּ, דערנאָך אַ האַלזן, אַ אַרומנעמען, גאָר נפש אַחת. און לסוף שוין גראָבליך, מחילה, אַ קוועטש, און מיין קעלבל טוט אַ שפּרונג אַהין־אַהער איבער דער שטוב, ווערט עס אַן איבערקערעניש, סדום־ועמורה, און עס רעגנט אויף מיר פּעך און שוועבל, פייערדיקע פּעטש הייסט עס, גאָר אַ שרעק!

די ליבע צום קעלבל איז ביי מיר געוואַקסן מיט יעדן טאָג און צוגלייך מיט איר די יסורים, האַרצווייטאָק מיינער, וואָס זי האָט מיר אָנגעמאַכט. מיין קינדעריש הערצל איז פאַרלאָפן מיט בלוט, האָט נישט געקאָנט רוהיק אָן פאַרדראָס האָרכן דעם שמועס איבער דעם קעלבל, ווי מע וויל עס, נעבעך, קוילען, ווי מע דינגט זיך מיט דעם קצב. עס שטייט זיך, קוקט, קוקט אַזוי גוט, היימיש, לעקט דער מאַמעס האַנט אַזוי ליבליך־פריינטליך, און דאָ שאַצט מען אָפּ דעם

ווערט פון זיין לעקער, פון זיין צינגל! ס'איז עפּעס טאַקע אַ גוואַלט, אַ רציחה!

עס האָט מיר ווי געטאָן דאָס האַרץ אויפן קעלבל: גוואַלט, אַ רחמנות! עס האָט מיך פאַרדראָסן, געבּרענט, געבּראָטן: גוואַלט, וואָס וויל מען האָבּן, נעבּעך, פון זיין לעבּן!

איך בּין אַרומגעגאַנגען צעקאָכט, ווינד־און־ווי איז מיר געווען פון בּיידע זייטן: האָבּ מיך געשעמט קוקן דעם קעלבל און דער מאַמע, להבדיל, אין די אויגן...

ווער ווייסט צו וואָס דאָס וואָלט געפירט, ווען עס זאָל זיך נישט געווען אונטעררוקן פּלוצים אַזוינס, אויף וואָס מע האָט זיך כּלל נישט געריכט.

## בּ.

ס'איז אַ ווינטער־נאַכט. אַ פראָסט מיט אַ ווינט. אַ פראָסט אַ בּרענענדיקער, אַ ווינט אַ שטורעמדיקער. עס בּלאָזט, פייפט, ריפּ־סקריפּ, ווי אויף אַ חתונה פון טויזנטער רוחות; עס שפּרינגען, טאַנצן זיילן שניי, דרייענדיק זיך משוגענערווייז איבּער די גאַסן. עס קנאַקן, טראַסקען דעכער, עס הײלט, ווייעט אין די קוימענס און עס זשומען, צימבּלען שויבּן אין די פענסטער.

אויף דער גאַס קיין לעבּעדיק באַשעפעניש, נישט איין ייִדישע בּהמה, אַלע ווי אויסגעראַמט. און וועלכע זיינען פאַרבּליבּן דאָ, ליגן באַגראָבּן, אַז אָך־און־ווי צו זיי, טיף איבּער די אויערן אין שניי.

אונזער בּהמה, עפּעס נאָך, משטיינס געזאָגט, אַ שטיקל קימפּעטאָרין, האָט אונטערגענעכטיקט אין דעם פינסטערן הויז, אין נעץ און שמוץ, וואו עס בּלאָזט פון אויבּן, פון אונטן, פוי אַלע זייטן, וואו ס'איז אַ'מצוקומען פאַר קעלט.

און וואָס טוט אַ בּהמה? אַ בּהמה מעלה־גרהט, חזרט, קייט איבּער אַלץ פריערדיקע, שויז האַלבּ פאַרדייעטע, פּיילע נמאס־ומיאוס געוואָרענע זאַכן, אַז נייע שפּייז פאַר זיך האָט זי דאָך מכּות — און בּיים איבּערקייען קייכט זי, לאָזט זי שטילע זיפצן. די זיפצן צעגייען זיך ווייט אַרום און לאָזן זיך פילן אויך אין שטוב.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט מיך אויפגעוועקט פונם שלאָף אַ בּיטער געשריי, אַ יאָמער, אַ קלאָג, ווי מע בּאַוויינט אַ טויטן.

דאָס וויינט, שרייט די מאַמע.

וואָס איז?

געפּגרט די בּהמה!

דאָס הויז־געזינט איז פאַראומערט, אין שטוב הערשט אַ טרויער, אפילו דער האָן שטייט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט אַרויסגעפירט די הינער זיינע פון אונטער דעם אויוון, האָפּערדיק, ווי תּמיד. איינע פון די הינער מיט אַן איי פּאַדעט, קוואָקעט, זוכט אַן אָרט, וויל זיך לייגן, און נישטאָ ווער זאָל איבּערדעקן זי מיט דער זיפּ ווי געוויינלעך. נאָך איינע פליט אַרויס פון אונטער דער בּעט, הענדום־פּענדום אויף אַ בּענקל מיט אַ פאַרריסן קעפּעלע, זעהר שטאָלץ אין איין קול: מזל־טוב מיר מיט אַן איי, זיך שוין געלייגט אין אַ גוטער שעה! און דער שיינער מאַן, דער האָן, זאָל זיך עס אויף מיר כאָטש אַרומקוקן, צוגיין ווי דער שטייגער איז. קיינעם איז נישט אין קאָפּ. אַלע שטייען פאַראומערט, ווייבּער, שכנות אויך אין דערמיט. די מאַמע איז מספּיד פאַר זיי די בּהמה, דערציילט אירע שבחים, איר קעז און פּוטער, נאָך מעלות אַזעלכע, אַל'דאָס גוטס, פוו וועלכע איך האָבּ פריער גאָר נ'שט געוואוסט.

— הערט אַ מעשה — זאָגט זי מיט אַוויינענדיקן ניגון — היינט גאַנץ פרי אָט די טיר אָט־אָ, פון דער שטוב אין דעם הויז, עפן איך. גיי איך ווי אַ בעל־הביתטע מעלקן פרי אַריין. דאָס מעלקשעפל אין דער האַנט, שטרוי צום פרעסן האָט דער באַקאַנטער גוי נאָך נישט געבראַכט — פאַרגעסן. אַ פּראָסטע — אַ שרעק. צייט מעלקן. רוף איך: מאַין־מאַין־מאַין! זי רופט זיך נישט אָפּ. גיי איך שוין צו נאָענט, איך גיב אַ



קוק — אוי, אַ דונער האָט מיך נישט דערשלאָגן, זי איז טויט! גאָר פּלוצים, ערשט נאָכן מעלקן זיך, פּגרט עס אַ בהמה!"...

און אין דערמיט הספד, פליט אַריין פונם. אַלקערל דאָס קעלבל, האָץ־האָץ מיט אַ פאַרריסן ווידל, אַ פאַרוואָרפן קעפל, „מע־מע" אין איין קול, דאָס האַרץ רייסט ביי איטליכן אין שטוב, קוקנדיק אויף דער יתומה, נעבעך. אַלע פאַרשטייען דעם טייטש פון „מע", וואָס דאָס „מע" באַטייט. דאָס מעקעט עס, נעבעך, נאָך דער ברוסט, עס וויל עסן. דאָס מעקעט עס, בעט זיך צו דער מאַמען, זי זאָל עס אויסצוואָגן, אָפּלעקן מיט דער צונג. ווייבער, שכנות, ווישן די נעז, די אויגן, מאַכן פּיסקעלעך, און די ליפּעלעך זייערע רירן זיך, גרייט צום רעדן. איינע פון זיי, אַ וואוילקענעדיקע, וואָס שיט אין די רייד ווערטער פון די הייליקע חכמים, פאַרכאַפּט זיך פריער און צעלאָזט זיך אין אַ ברייטן שמועס:

— דער, וואָס לעבט אייביק, וואָס איך בין נישט ווערט זיין נאָמען צו דערמאָנען, — הויבט זי אָן אויף תּחינה־לשון, צונויפשנירנדיק די ליפּעלעך און קנייטשנדיק אַ פרום פּנימל — דער אַלמעכטיקער, ער איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט! לאָז זי, די בהמה, זיין אַ קרבן־עולה, מכפּר זיין, ריייניקן, אייך און כּל ישׂראל פון אַלע אומריייניקייט און פון אַלע אומווירדיקייט. מיין עצה־טובה וואָלט געווען — דאָס דאָס קעלבל, די פרוכט פון איר מוטער־לייב, זאָל בלייבן לעבן. זאָל עס ביי אייך זיך האָדעווען, און דער, וואָס שפּייזט פונם קליין ווערימל ביז דעם ווילדער, וועט העלפן עס צו שפּייזן אַמאָל מיט שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, אַ מאָל מיט אַ ביסל קלייען, דאָס אַ ביסל, יענץ אַ ביסל. וואָס קאָן עס זיך אָנזען אין בעל־הבתישקייט אַ קעלבל? איר פאַרשטייט, פון אַ קעלבל וואַקסט אויס אַ בהמה, און אַ בהמה איז גוט, תּמיד אָנגעלייגט, ווער שמועסט ביי היינטיקע צייטן און בפרט נאָך ביי יידן. אַד־אַד־אַדו!

אַלע ווייבער באַסעוועןּ צו. די מאַמע לאָזט זיך איינ־רעדן.



דאָס קעלבל בלייבט לעבן — און מיר פאַלט אַראָפּ אַ שטיין פונם האַרצן.

די מעשה מיט דער בהמה, איר אומגעווייגליכער טויט האָט אָנגעמאַכט אַ רעש אין שטעטל. לייט זיינען געקומען אויף חידושים אָנקוקן דאָס קעלבל.

## ג.

שטאַרק געבענקט די ערשטע צייט האָט דאָס קעלבל, געבעך, נאָך דער ברוסט. מ'האָט עס געשטילט אַמאָל מיט אַ לעמעשקע פון קאָרענע קלייען, אַמאָל מיט ברויט אַ שטיקל, — מיט אַ הויפן היי. ציינדלעך האָט עס געהאַט אַכט פּעדער־שטע, שיינע, ווייסע, נאָך ביים געבוירן ווערן. איך האָב זיי אַליין געציילט. עס האָט געגעסן און דאָך צווייילן אונטער־געמריקעט. עס האָט אַלץ געסמאָרעט מיט דער נאָז, געזוכט, געשמעקט, און וואָס נאָר איז צום מויל געקומען, אַ האַנטוך, אַ טישטוך, אַ זאָק, האָט עס געקייט. אַ היטל, אַ יאַרמולקע — אויך סחורה. איינמאָל האָט עס שיער זיך ניט דערוואָרגן מיט אַ טשאָלנט־שמאַטע. אַ נס, וואָס מ'האָט זיך באַצייטנס אַרומגעקוקט, גראָד באַדאַרפט גיכער פאַררוקן דעם טשאָלנט. און אויב מ'איז פון אים דאָס אַלצדינק אויסגעשטאַנען, ניט זיינער פטור צו ווערן, איז דאָס נאָר געוועזן אינם זכות פון דער מאַמען זיינער, זאָל זיך דאָרט מיען.

איך איינער האָב עס אמת טאַקע ליב געהאַט טיף פונם האַרצן, עס שטאַרק באַדויערט; אַ רחמנות, ס'איז, נעבעך, עלנד, אַ יתום!... האָט מען עס אַ מאָל באַליידיקט מיט אַ קלאַפּ, מיט אַ זעץ, פלעג איך מיך אַרויסשטעלן, זיך אָננעמען קעלבלס קריוודע און געכאַפּט דערפאַר דאָס מייניקע. אָט דאָס האָט מיך נאָך מער צוגעצויגן צום קעלבל, דערפאַר וואָס מע איז אַנטקעגן אונז ביידע געווען גראָב אומגערעכט, וואָס מיר ביידע האָבן געליטן פון אַנדערע, שטאַרקערע פון אונז, גאָר אומזיסט.

און, אַפּנים, ביים קעלבל ביז איר אויך טאַקע געווען

אַ שטיקל חשוב. וואָרים עס פֿלעגט זיך לאָזן גלעטן פֿון מיר ביים קעפּל, אָנגעמען ביי די אויערלעך, קוקנדיק דערביי צו מיר מיט אַ פּאָר אומעטיקע אויגן, לעקנדיק מיך פֿריינטליך, גלייך ווי עס וואָלט זיך פֿאַר מיר עפּעס געקלאָגט, געוואָלט עפּעס אַזוינס זאָגן. איך, ווידער, האָב עס, דאַכט זיך, פֿאַרשטאַנען, געפֿילט, וואָס אים אויף דער לונג, וואָס לעקט עס מיך מיט דער צונג.

עס האָט מיך געצויגן צום קעלבל און מיר זיינען געווארן נעטרייע חברים.

## ד.

ס'איז נאָך פּסח. אויס בין־הזמנים. יינגלעך גייען אין חדר, קעלבלעך, בהמות אין דער טשערעדע. דער רבי מיט דעם קאַנטשיק, דער פּאַסטוך מיט דער בייטש. מלמדים נעמען זיך קנעלן. איטליכער מיט זיין חדר, און דער פּאַסטוך מיט זיינע בהמות. באַהעלפֿער שלעפּן, טראָגן, ווי דער סדר העולם איז, פּיצלעך קינדער, שלאָפֿינקע אויף די פּלייצעס אין חדר אַריין, און דאָס קעלבל אונזערס, אַ געזונטס, נישט קליין צו לויפֿן מיט די פֿיסלעך אַליין, בלייבט גאָר איבער אין דערהיים! עס גייט אַרום בטל. פֿאַרוואָס? — ס'איז נאָך צו יונג צו טרייבן עס אין טשערעדע, זאָגט דער פּאַסטוך, עס וועט ניט פֿאַרזאַמען די תורה זיינע: מעלה־גרהן, מאַכן מיט דער מויל, נישקשה, שפּעטער אַ ביסל אויך. לעת־עתה, זאָגט ער, זאָל זיך עס מגדל זיין אונטער אַ היימישער השגחה ביז דער רעכטער צייט.

אין ברירה, דאָס קעלבל בלייבט, נעבעך, און גייט איבער אויף אַ סך הענט. קיין האָניק דערפֿון האָט עס ניט געלעקט. די מאַמע ווייזט אים אַ היי איז סדור; דער פֿאַרשטאָפּט אים דאָס מויל מיט שיהי־פּיהי; יענער לערנט דאָס דרך־ארץ — און פֿון די פֿולע מיובות איז עס, נעבעך, שטענדיק הונגעריק, שטאַרק פּונם לייב אַראָפּ.

אויף זיין גליק האָט זיך ביי מיין מלמד אויסגעלאָזט די תורה פֿאַר מיר. איך הויב אָן דערווייל צו לערנען, הייסט עס, אין בית המדרש אַליין פֿאַר זיך. מע פֿאַרלאָזט זיך, הייסט עס, אויף מיין יושר, און די השגחה אויפֿן קעלבל גייט מיט דער צייט איבער אינגאַנצן צו מיר אין די הענט. איך ווער עס דער מדריך זיינס אין אַ גוטער שעה!

עס עפֿנט זיך פֿאַר אונז ביידע אַ נייע וועלט — אַ וועלט אַ ליכטיקע, אַ שיינע, אַ פֿרייע, וואָס ניט איך, נישט דאָס קעלבל, האָבן זי ביז אַ הער, ליגנדיק פֿאַרשפּאַרט אין חדר, אין שטאַלכן, קיינמאָל נישט אָנגעקוקט.

— לכה דודי! — זאָג איך, אָננעמענדיק דאָס קעלבל ביים שטריקל, וואָס אים אַרום דעם האַלדז — קום, מיין פֿריינט, נצא השדה, אַהין אויפֿן גרינעם גראָז.

אײ־אײ, איז עס דאָרט גוט, מחיה! עס לעבט, עס רירט זיך אַרום און אַרום. גאָטס באַשעפֿענישן, וואָס ביז אַהער גאָר ווילד־פֿרעמדע פֿאַר מיר, פֿויגעלעך אַלערליי, מיני זשוקלעך אַזוינע, היישעריקן, גרילן אַזוינע און אַזוינע, פֿליען, שפּרינגען הויך אין דער לופֿט, אי אונטן צווישן דעם גראָז לעבעדיק־פֿרייליך, מיט אַ געזונגעריי, אַ זשוזשעריי, אַ צימבלעריי. עס הערט זיך אַ קאָנצערט, עס פֿילן זיך ריחות פֿון בשמים, עס שימערט אין די אויגן פֿון בלומען כל־המיני קאָלירן.

עס אָטעמט זיך עפּעס אַזוי גרינג, אַזוי פֿריי. עפּעס טוט

עס מיך אינעווייניק אַ ברי — האָפּ-האָפּ-האָפּ! טו איך אַ שפּרונג, קוליע, מיד פֿאַר גרויס פֿאַרגעניגן עטליכע מאָל איבער און צי מיך אויס אויף פֿריש-ווייכן מאָך מיט דעם בויך אַרויף. די ליכטיקע זון קוקט מיר גלייך אין פּנים אַריין שיינט, שמייכלט, ווי גערעדט: אַ-יאָ יינגעלע, גוט?



עפּעס גאָר ניט ווילנדיק, ווי פֿון זיך אַליין, עפֿנט מיר זיך דאָס מויל, און אַ יקום-פּורקן-ניגון לאָזט זיך הערן אויף אַ וויינענדיק-קוויטשיקן ביי-קולכל. דאָס קעלבל קוקט זיך צו מיר אום און מאַכט: „מע!“ עס האָט אַזוי ווי געהייסן: שאַ, וואָס איז?

דאָס קעלבל פֿאַרטיפֿט זיך אין דעם עסן געשמאַק, מיט כּוונה. איך קוק, קוק פֿאַרטראַכט, און עס קומט מיר פֿאַר יעקב אבינו, ווי ער פּיטערט די שאָף ביי לבן ארמי, עס דאַכט זיך מיר אויך דאָס גוטע באַגעגעניש זיינס מיט רחלען ביים ברונים דאָרט, ווי זיי קושן, האַלזן זיך פֿאַר גרויס ליבשאַפֿט.

אָנגעהויבן לכתּחילה האָבן מיר די פּיטערונג מיט דעם גרינעם באַרג, נישט ווייט פֿונם שטעטל, דערנאָך האָבן מיר זיך פֿאַרקליבן העט-ווייט, אויסזוכנדיק אַ וואונדער-שיין אָרט, גאָר אַ געמעל.

זאָל זיך אייך דאַכטן אַ וואַלד. ביימער-סאָסנעס געוויקסיקע ציען זיך, ווי אַ סטרונקע גלייך, הויך אין הימל אַריין, אונטן גלאַט-נאַקעט, און אויף די קעפּ גרינע היטלען-קאַפּעליושן אַ ים, צווישן וועלכע עס ברעכן זיך דורך שטראַלן ליכטיקע פֿון דער זון, און באַלייגן דאָס ריינע סאַמעטענע גראָז זיי ביי די פֿיס מיט העלע פּאַסן גינגאָלדענע. פֿאַר דעם וואַלד שטייען קליינע, געדיכטע וועלדעלעך, פֿון נידעריקע, יונג-פֿרישע, זאַפֿטיקע בוימעלעך כּל-המינים, צעוואָרפֿן דאָ, דאָרט, אויף אַ היפּשן, פֿרייען מיט גרעזעלעך און שמעקנדיקע קרייטעכצער באַוואָקסענעם פּלאַץ. פֿאַרנט-צו ציען זיך פֿון אים, פֿונם פּלאַץ אַוועק, פֿעלדער-תּבואה העט-לאַנג, נישט צו פֿאַרנעמען מיטן אויג, און אים ביי דער זייט לאָזט זיך די גאַנצע געגנט אַלץ נידעריקער-נידעריקער אַראָפּ אין אַ טאָל, וואו עס שפּרודלט, ריזלט אַ ריין קלאָר וואַסער לעבעדיק-שפּילנדיק, ווי אַ קינד, דאָס באַהאַלטנדיק זיך ערגעץ צווישן געדיכט פֿאַרצווייגטע ווערבעס דאָרט, דאָס אַ ווייז געבנדיק זיך ווידער, לויפֿנדיק-שפּרינגענדיק באַרג-אַראָפּ פֿון שטיינדלעך אויף שטיינדלעך, האַלטנדיק אין איין מאַכן: בול-בול-בול!

חוץ מיר און דעם קעלבל — נישטאָ דאָרט קיינער. נאָר וואָס אַ מאל טראָגט דער גוטער יאָר אָן עפּעס אַ פויגל, שטעלט עס זיך אויף אַ צווייגל, וואַרפט אויף מיר בגנבה אַן אייגל, וואונדערנדיק זיך, ווער זאָל עס זיין דער מין נפש, טוט באַלד טאַקע אַ בוק מיטן קעפּל, אַ טרייסל מיטן ווידעלע, אַ מאַך מיט די פליגעלעך און — זיי געזונט! אוועק, אוועק...

אָדער אויף יענער זייט טאָל אַקעגן לאָזט זיך אַמאָל אַראָפּ אַ בושעל, טוט זיך אַ שטעל אויף די לאַנגע, רויטע פיס, אויסשטודירנדיק אין דער הויך דעם לאַנגן זילבערווייסן האַלז מיט דעם רויטן פּיסק, שטייט אַזוי אַ ווײַלע, קיין ריר זיך נישט צו טאָן, פּלוצים קליפּ־קלאַפּ, קלאַפּ־קליפּ מיט דעם שנאָבל און — מאַרש, מאַרש איבער דעם זומפּ.

צייטנווייז פאַרטראָגט זיך אַ ווידערקול ערגעץ אינם וואַלד, אַ געקלאַפּעריי פון פורלעך אויפן וועג דאָרט.

איך ליג מיך צעלייגט, שמאַכנדיק פאַר גרויס פאַרגעניגן, קוק אויפן קעלבל און טראַכט:

— אַז וואויל איז אונז ביידן! ביידע האָבן מיר איינער דעם אַנדערן צו פאַרדאַנקען דערמיט, וואָס מיר זיינען דאָ. ווען נישט איך, וואָלסטו אַצינד געהינעט אין שטאַלכן, און ווען נישט דו, וואָלט איך אַצינד געהינעט אין בית־מדרש.

אָט אַזוי פלעג איך פאַרברענגען אַ שטיק טאָג, שעפּנדיק נחת פון גאָטס וועלטל און פונם קעלבל, וואָס האָט זיך שטאַרק צוגעלאָזט צו מיר, געוואָרן מיט מיר, ווי מע זאָגט, פּאַני־בראַטצי. מע האָט געמעגט אָנקוקן אויף חידושים מיט וואָס פאַר אַ שמחה עס האָט זיך געשפּילט מיט מיר, מיט וואָס פאַר אַ קעלבערנע התלהבות עס האָט זיך געלאָזט לויפן, אונטערהויבנדיק דעם הינטן, אַזוי זיך פּלוצים, עפּעס גאָר פון דער העלער הויט. טאַקע נאָר עפּעס, ווי אַ קינד צו דער מאַמע, פלעגט עס אַמאָל אויסשטרעקן דעם האַלז, אָנבויגנדיק צו מיר דעם קאָפּ, ווי געזאָגט: נאַ, קראַץ מיר!

אין פאַרלויף פונם זומער זיינען מיר ביידע ווי איבערגעביטן געוואָרן. דאָס קעלבל האָט אויף זיך גענומען לייב! ס'איז אים אויסגעקראָכן די האָר און באַקומען אַ נייע גלאַנצנדיקע הויט. איך בין אויך געקומען צו די קרעפטן, באַקומען גאָר עפּעס אַ נייע הויט און זעהר אַ שטאַרקן אַפּעטיט. דאָס לערנען האָט ביי מיר דענסטמאָל אַזאַ טעם געהאַט, ווי ביים זאַט קעלבל, קומענדיק פונם פעלד, האָט אַ טעם געהאַט שטרוי, קאַרטאָפל־שאָלעכץ.

## ה.

— מילא, וועגן דעם קעלבל איז שוין נישטאָ וואָס צו ריידן. מען האָט שוין דערמיט אויף אַ שטייגער — עס וועט אם ירצה השם, אַבי געזונט, זיין אַ בהמה. די שאלה אָבער איז אַצינד: בחור! וואו האַלט מען מיט דיר. וואָס פאַר אַ גוטס, בחורל, קאָן אַרויסקומען פון דיינע פעלדער, דיינע וועלדער?

אַזוי האָבן זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ מוסר מיינע היימישע, מיך געפרעגט און געענטפערט פאַר מיר, זיי טאַקע אַליין:

— איין מיטל פאַר דיר, עס זאָל אויס דיר ווערן אַ לייט, איז נאָר די ישיבה, קיין אַנדער תכלית איז גאָר נישט געמאָלט.

עס האָט מיר האַרציק באַנג געטאָן שיידן זיך מיט דעם קעלבל, מיט גאָטס וועלטעלע, דאָס שיינע, וואָס האָט מיר

אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה; נאָר ווער וויל עס נישט ווערן אַ לייט, קומען צו אַ תכלית? אַך, רבונו של עולם, האָב איך ביי מיר געטראַכט, עס זאָל מעגליך זיין אַריבערצופעקלען אַהינצו, אין דער ישיבה, אָט דאָס אַלצדינג, דאָס קעלבל אַהין אויך טאַקע!

און וואַלגערנדיק זיך אין דער ישיבה, אַמאָל אויף אַ האַרטער באַנק, אַמאָל אויף דער ערד, אַ קולאַק צוקאָפּנס, פלעגן זיך מיר עפענען אין די געדאַנקען וואונדער־שיינע פּאַנאָראַמעס. ביימער, תבואות, בלומען, בערגלעך, טאָלן, אַ גילדענע זון און אַ ריינער בלויער הימל. אין קאָפּ שפּילט מיר אַ טשיזשיק, אין די אויערן זשוזשעט מיר אַ זשוקל, און נאָז פאַרגייען מיר ריחות — דאַכט זיך בשמים... צוקאָפּנס דאַכט זיך מיר, פון מאָך אַ קישעלע, און עס קריכן אויף מיר, דאַכט זיך, משה רבינוס פערדעלעך. עס ציט מיך, ציט ביי דער נשמה אַלץ אַהין, אַהין...

— „מאַמע־לעב! — שרייב איך אין איין שיינעם זומערטאָג אַהיים — איך באַגער, נישקשה, לערנען, האַלט שוין, ברוך השם, אויף אַ שטייגער... נאָר וואָס דען? שטאַרק אַהיים בענק איך, נאָך דיר, מאַמע, נאָך איטליכן (נאָכן קעלבל האָב איך מיך געשעמט זאָגן). אוי, לאָז מיך אויף אַ פּאָר טעג קומען אַהיים! עס וועט קיין הוצאות נישט קאָסטן. איך וועל גיין צופוס. נישקשה, וואָס איז? אַלע בחורים ביי אונז גייען צופוס. און נאָך וואָס פאַר אַ מין גיין — באָרוויס. מיט דעם שטעקן אין דער האַנט און דעם פּעקל אויף די פּלייצעס. אַקעגן אַ ח״י גראָשן פאַרמאָג איך טאַקע במזומנים, נאָך פון פּורים, פאַר לייענען די מגילה דער קעכן דאָרט, וואו איך עס שבת, און פאַר אָפּטראָגן פונם בעל־הבית משלוח־מנות צו זיין מחותן. לאָז מיך, מאַמעניו, אוי, איך בעט דיר!״

און נישט וואַרטנדיק אויף תשובה, לאָז איך מיך שפּעטער מיט עטליכע טעג, אַזוי ווי איך שטיי און גיי, אין וועג אַריין, עס פאַרשטייט זיך, צופוס.

אויב ס'איז נאָר געמאָלט אויף דער וועלט גליק, און געווען דענסטמאָל אַ גליקליכער מענטש אויף איר, איז דער איינער געווען איך. עס פאָרן דאָך סוחרים אין בוידן, פּריצים אין קאַרעטעס, אָבער וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס פאָרן זייערס אַנטקעגן דעם צופוס־גיין פון אַ ישיבה־בחור, ווי איך, וואָס רייסט זיך אַרויס פון שימל, אַ דערשטיקעניש אויף דער פרישער לופט, אויף דער פרייער ליכטיקער וועלט, וואָס ווערט עפּעס ווי פון טויט לעבעדיק?

אַרויסגעגאַנגען בין איך גאַנץ פרי, געגאַנגען מיט זייטנוועגעלעך צווישן ווייץ און קאָרן דעם גאַנצן טאָג, אונטערשפּרינגענדיק פאַר פרייד, אויך אונטערזעצנדיק זיך אַמאָל, און געקומען אַהיים בין איך מנחה־צייט, ווען בהמות קומען צוריק פונם פעלד.

מיין קעלבל זע איך איז, הע־הע־הע, אָן עין הרע, אַ קאַלב.

איך גיב מיך אַ שטעל גלייך אים אַנטקעגן פּנים.

— שלום עליכם, קעלבל, — מאַך איך און וויל עס אַ גלעט טאָן.

עס בויגט אָן דעם קאָפּ, נישט אָנצוקוקן מיך, אויסשטעלנדיק מיר אַ פּאָר קליינע שפּיציקע הערנער, ווי גערעדט: אָן הענט! וואָס פאַר אַ מחותן מיט מיר, מיך צו גלעטן, ביסטו פעטער.

עס פאַרדריסט מיך טאַקע אַ ביסל, נאָר נישקשה, טראַכט איך מיר, מע באַדאַרף זיך פּרובירן נאָך־אַמאָל.

— מאין-מאין-מאין! — זאָג איך, האַלטנדיק דעם קעלבל פאַר דער נאָז, אַ ביסל פון דערווייטנס, אַ הויפו גראָז — נאַ, הייסט עס, אַ מתנה פון מיר!

עס שמעקט, סמאָרעט מיט דער נאָז, אָנקוקנדיק מיך פאַרוואונדערט, גלייך ווי געזאגט: עפעס קענטליר! דאַכט זיך דער און פאָרט נישט ד ע ר.

— אַ, נישט דערקענט? אי-אַי! — שמייכל איך אַ ביסל מיט תרעומות, מיט גאַל, הייסט עס.

און קוקנדיק אַ ווײַלע אַזוי אויפן קעלבל, ווי שיין, געזונט, באַלייבט, ווי לעבעדיק, פריש עס זעט אויס; פאַרגלייכנדיק אים אקעגן דאָס דאַרע, קוואַרע לייב מיינס, דאָס בלייך-אויסגעווייקט פנימל מיט דער גאַנצער ישיבה-בחורשער געשטאַלט מיינער, כאַפּט זיך מיר נישט ווילנדיק אַרויס אַ זיפץ טיף פונט הארצן.

דאָס קעלבל, דערקענענדיק מיך, אפנים, אין דעם קול, ווערט מיט מיר היימישער, שטרעקט פריינטליך אויס צו מיר דעם האַלז צום קראַצן, ווי דער שטייגער זיינער איז געווען פריער. עס שטייט אַזוי עפעס ווי געריהרט, קוקט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, אונטערמריקענדיק צו מיר שטיל פון דער ברוסט: המ-מ-ם! ס'איז דערינען געלעגן אַזוינס, וואָס גאָר נישט פאַר דעם מענטשנס לשון. איך האָב עס אָבער גוט געפילט, עס האָט אויסגעדריקט אַ פראַגע: וואו ביסטו פלוצים אהינגעקומען? און צוגלייך טאַקע אַ באַדויערן: המ-מ-ם, וואָס פאַר אַ פנים, נעבעך, דו האָסט!

ו.

בלייבן ביי דער אָרימער מאַמע, אַ וויסטע אלמנה מיט יתומים, איז געווען ריין אוממעגליך.

— איך געזעגנ מיך מיט מיינע אַלע ליבסטע, וואָג אַ זיי געזונט די שיינע פעלדער, די גרינע וועלדער, וואו איך האָב געשפּאַצירט, איך לאָז מיך צוריק צופוס ווייטער אהין, אין דער ישיבה

אַ ביטער יאָר, נישט פאַר יידישע קינדער געדאַכט, האָב איך געהאַט דאָס מאָל אין דער ישיבה, פיל ערגער נאָך ווי פריער. אַ יאָר אָן „טעג", — עס האָט מיר געפעלט טעג צום עסן, און איך האָב געליטן הונגער. אַ גליק פאַר מיר, וואָס פיל אַנדערע פון די אָרימע בחורים האָבן אויך געדאַרט, געהונגערט — איז עס פאַר מיר געווען כאָטש אַ האַלבע טרייסט.

נאָך אַ לאַנגער צייט שטילשוויגן שרייבט מיר די מאַמע:

„מזל-טוב דיר, זונעניו, מזל-טוב אויך מיר מיט מיין בהמה! עס האָט זיך געקעלבט דיין קעלבל, איז געוואָרן אויף קעז און אויף פּוטער אַ בהמה! אין שטוב איז דאָ מילכיקס, אַ ביסל צום פאַרקויפן און פאַר זיך אויך אַביסל. ווי דערלעב איך שוין אויך פון דיר אין גיכן נחת, הלואי אמן, רבונו של עולם! זעהר אַ גוטע בהמה. נאָר וואָס דען? איך האָב פון איר צרות. זי לאָזט זיך נישט מעלקן, וואַרפט זיך, שרייט, בענקט, גייט פשוט אויס נאָכן קעלבל. האָסטו געהערט, אַ בהמה זאָל נישט קאָנען פאַרגעסן דאָס קעלבל! עפּעס טאַקע נאָר ווי אַ מאַמע אַ קינד להבדיל. משוגע איז זי טאַקע נאָך קעלבלווייז געווען, געטויגט האָסט דו איינער טאַקע צו איר. גוט אויסגעלערנט האָסטו זי. האָסט געמעגט ווייניקער לערנען זי און לערנען בעסער אַליין. לערן, זונעניו, לערן, וועט אויס דיר, אם ירצה השם, ווערן אַ לייט. אַ קעלבעלע איז דאָס געווען זעהר אַ געראָטנס, טאַקע גאָר

אָן אנטיק. דער קצב האָט מיר דערפאַר געגעבן אַ גוטן מקח, פונם געלט שיק איך דיר אַ פּאָר גילדן. נאַ, ווייס. האָב אויך הנאה פאַר דיין מי אמאָל מיט דיין קעלבל! איר ביידע זיינט דאָך ווי אנדערע צוויי. ווייטער שרייב איך דיר, אַז ..״.

נאָר גענוג! וואָס ווייטער זי שרייבט האָב איך שוין ניט געלייענט. עס ווערט מיר פינסטער אין די אויגן, פאַר־דרייט זיך מיר דער קאָפּ, פע, נישט גוט, אַזוי, אַז מע האָט געמוזט אָפּגיסן מיך מיט אַ גאַנצן עמער וואַסער.

מיינע חברים שטייען צו מיר צו, פרעגן:

— וואָס איז פאָרט די מעשה? איז עמיצער פון די היימישע, חס־ושלום, קראַנק, אָדער, די שעה זאָל נישט זיין, אפשר גאָר געשטאָרבן? —

און איך שווייג, האַלטנדיק זיך ביים האַרצן. גיי דער־צייל, נאָר אויף לייטיש געלעכטער, יענעם אַ מעשה מיט אַ קעלבל! אַז דאָס איז מיר נישט גוט פאַר רחמנות אויף אַ בהמה, מיט וועלכער מיר איז באַשערט געווען, צום ערשטן מאָל אין אונזערע ביידנס יונגע יאָרן, אָנצוקוקן גאָטס וועלט מיט אירע פעלדער די שיינע און צו פאַרברענגען דאָרט ביידע אַ שטיק צייט, די טייערסטע אין לעבן; אַז דאָס טריפט מיר דאָס בלוט פאַר רחמנות אויף אַ בהמה, אַ מאַמע, אַן עושטלינג, וואָס בענקט נאָך איר קינד, נאָך איר געקוילעט קינד, נעבעך!...

גענוג, איבערגענוג איז פאַר מיר געווען דער מאַמעס עטליכע ווערטער, אַז איך זאָל ווערן צעקאָכט, צערייצט, אַז די פאַנטאַזיע זאָל אַרבעטן מעשים, מיד נישט לאָזן רוען די נעכט.

קים וואָס זיך געלייגט—אַ־האַ, ברוך הבא! הויבט זיך אָן די שפּיל. עס טרעט אַרויס אויף דער סצענע דאָס אַלטע קעלבל, שוין אַ מאַמע, מיט דעם קינד—אַ קעלבעלע אַ בריליאַנט. עס טשעפּעט זיך דאָס קעלבעלע, זויגט די ברוסט, אונטערשלאָגנדיק צו ווייל דעם אייטער, דרייענדיק



דערביי מיט דעם ווײדעלע. די מאַמע איז גאָר איבער־גליקליך, זי בויגט אויס דעם קאָפּ צום קינד, לעקט עס,

לעקט, שטיל אונטערמריקענדיק פאַר גרויס ליבשאַפט ...עס פינקלט, שימערט אַרום און אַרום, אַ ליבליכע וואַרימקייט צעגיסט זיך אין די אַלע גלידער און אויפן האַרצן פילט זיך עפּעס אַזוי גרינג, אַזוי גוט... באַלד טאַקע טוט זיך עפּעס ווי אַ דריי. עס טונקלט אין די אויגן, אויס גע־שטאַלטן, אויס קאָלירן, אויס אַלצדינק—גאָרנישט!...

איך וואַרף מיך, איך קער מיך אום אויף דער אַנדער זייט, קלינג־קלינג, ווי מיט אַ גלעקעלע אין די אויערן —הע־הע, ווידער די שפּיל!

אַ סצענע אַ טרויעריקע. עס רייסט זיך דאָס יונגע קעל־בעלע, רייסט זיך דעם קצב פון די הענט אַרויס, עס לויפט מיט אַ ביטער געשריי, און דער קצב נאָך אים. פילנדיק זיין מלאך־המות און שטאַרק וועלנדיק לעבן, לויפט עס אויסער זיך, נעבעך, פאַר שרעק, באַהאַלט זיך עמיצן דאָרט צווישן די פאָלעס, קייכט, מעקעט, ווי עס בעט רחמים: ראַטעוועט!

דער קצב כאַפּט דאָס שוואַך קעלבעלע, בינדט עס אויף אַלע פיר. עס צאַפּלט, שרייט: מע־מע—מאַמע הייסט עס—נאָר אומזיסט! די מאַמע איז אויפן פעלד, הערט נישט דאָס בי־טער געשריי פון איר ליב קינד, הערט נישט דעם קינדס געזעגענען זיך מיט איר פאַרן טויט...

רויט־בלוי, אַ פאַרבלענדזעניש, אויסמישעניש אַרום און אַרום. איך טאַפּ מיך, ווייש מיך—דאַכט זיך בלוט, שפּריצע־לעך בלוט...

עס באַשלאָגט מיך אַ שווייס!...

און מיין קערפּער ווערט אַ צעשטערטע, אַ צעבראָכענע כלי... צווישן ווירקליכקייט און חלומות נישטאָ קיין אונ־טערשייד. ס'איז אַ דרייעניש, אַ פּלאָנטערניש...

עס וואַרפן זיך אין מיר אַלע מיינע גלידער. עס זידט, קאָכט, רוישט אַרום מיר, עפּעס אַ גאַנצע איבערקערעניש.

אַי דער קאָפּ, עס שפּאַלט זיך מיר דער קאָפּ!

